די ערשטע אויפלאגע פון די דאזיקע "לידער מיט ניגונים" איז דערשי-
נען אין טשערנאוויץ, אין 1939.

מיר געבן דא דאס אריינפיר-ווארט פון ה. סעגאל צו יענער
אויפלאגע.

מיר האפן, אז דער פארזיי פון זעליק בארדיטשעווערס געזאנג אויף
אמעריקאנער יידיש-ערד וועט זיין א מזל-ברכה'דיקער.

דער פארלאג.

זעליק בארדיטשעווער

# לידער מיט ניגונים



פארלאג "זריעה"

צווייטע אויפלאגע

מאָנטעווידעאָ
1948

מאָרגן גייען מיר אויס — געבענטשט דער הײַנט!
און אַ ברָכה דעם וואָס פאַרן טויט זיך זאָגט:
ווען בײַם האַרץ אַליין געקלעמט מיך און גענאָגט,
איך מײַן לעצטן טראָפּן נישט געקאַרגט,
און געוואַרעמט, און געקרעפּטיקט, און געשטאַרקט.

אליעזר שטיינבאַרג

זעליק באַרדיטשעווער איז געווען אַ לערער פון ייִדיש אין באַסאַראַביע; דעם רוב פון זײַן אַרבעט האָט ער געטון אין בעלץ. אַז ער איז געווען אַ דיכטער, האָבן אויך געוווּסט ווײַטערע, נאָענטע האָבן געהאַט אין אים אַ קולטורעלן אָנשפּאַר. וועגן זײַן השפּעה אויף זײַן סביבה, וועגן זײַן טעאַטראַלישער און פּעדאַגאָגישער אַרבעט און וועגן די ליטעראַרישע אויפטוען זײַנע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, דאַרפן דערציילן אַנדערע, איך ווייס נישט גענוג. געשטאָרבן איז ער פאַר אַ יאָרן ווינטער, 28 טאָג אין טבת תרצ״ח — 30סטער דעצעמבער 1937 אין יאַס, 39 יאָר אַלט.

געדרוקט האָט זעליק באַרדיטשעווער כמעט גאָרנישט. אויך נישט פון זײַנע לידער. ער האָט זיי אָנגעשריבן, זיי געזונגען און דערמיט יוצא געווען. מיטן געזאַנג זענען זיי דערגאַנגען אויך צו אונדז.

אין אָנהייב דעצעמבער 1937 האָב איך אים אָנגעשריבן, אַז מיר וואָלטן הי געווען גרייט אָפּצודרוקן אַ ביכעלע לידער זײַנע. ער האָט באַלד מסכּים געווען: „...מײַן שלאַפקייט פאַרערגערט זיך. איך מוז פאָרן קיין יאַס אויף אַ לענגערער צײַט זיך היילן. פאַרשטענדלעך, אַז דער קאָפּ איז נישט בײַ אַזוינע זאַכן. דאָך האָב איך איבגעשריבן צען לידלעך און שיק זיי אײַך צו. איך פאַרלאָז מיך אין גאַנצן אויף אײַך...”; מיר קענען אויסקלויבן וואָס מיר ווילן. און אין אַן אַנדערן בריוו (XII/15): „איך געטרוי אײַך, ווײַל איך ווייס, איר וועט זיך מטפּל זײַן מיט מײַנע לידלעך אויפן בעסטן אופן, נישט אַרגער ווי איך אַליין. פאַרשטענדלעך, אויב ס׳קומט עפּעס אַ הילע, אַ צייכענונג, זאָל זי זײַן מיט געשמאַק, אָבער פּאָלקסטימלעך, ווי איך האָב ליב... דאָס גלייכן דאָס פאָרוואָרט; נישט רעקלאַמע, נישט קיין שירים ותשבחות — באַשיידן, אויפריכטיק. טאָמער אַ מאָטאָ? שרײַבט:

מיר פילן אַ ווילן
דעם ווייטיק צו שטילן
מיט אַ לידל, אַ טענצל,
אַ ב׳סעלע שפּיל.

[דאָס איז אַ סטראָפע פון זײַנס אַ ליד „פּאַיאַצן”]

פאַרשטענדלעך, ווי ווײַט מעגלעך אויסמײַדן אָרטאָגראַפישע גרײַזן. די נאַטוראַליזירטע אָרטאָגראַפיע איז מיר נעענטער צום האַרצן, איר טוט ווי איר פאַרשטייט.”

וואָס שווערסטע איז געווען אויפצושרייבן די נאָטן, וואָרן די ניגונים זענען אונדז איבערגע־ענטפערט געוואָרן בעל־פּה. די אַרבעט איז מעגלעך געוואָרן דער עיקר אַ דאַנק פּ׳ לייבו לעווינען. אַלע וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט (אין טשערנאָוויץ, אין יאַס, אין בעלץ) וועלן זיכער געפינען דעם בעסטן דאַנק אין די אָפּגעדרוקטע לידער גופא.

דער לעצטער בריוו זיינער צו אונדז איז געווען אַ וואָך פאַרן טויט (23/XII). „לאָמיר האָפן, שרייבט ער, אַז ביזן ערשיינען פונעם ביכעלע וועל איך שוין זיין געזונט״. אָבער ערשט היינט, איבער אַ יאָר נאָך זיין טויט, קען זיך דאָס ביכעלע באַווייזן. דאָס זענען 9 לידער — אי טעקסט אי ניגון זעליק באַרדיטשעווערס.

זעליק באַרדיטשעווערס לידער זענען פאָלקסטימלעך; ניגון איז נישט אָפּצוטיילן פון ליד, און נאָר אין איינעם ווערט בולט זייער כח. זיי זענען נאָענט צו אונדזער אָנגעווייטיקט לעבן, וואָס זיין גורל איז זייער תוך. ווען מען זיי זיכער באַלד נעמען זינגען; ווער ווען זיך נישט דערקוויקן מיט אָט דעם וווּנדערלעכן געמיש פון פרייד און טרויער, וואָס הייבט אונדז אויף און וואָס פאַרמאָגט דעם כוח זיך נישט אונטערצוגעבן, לאָז זיין די נויט ווי גרויס:

זייען צרות, קומען ליידן,
און די שימחות מיט די פריידן
איינגעווייקט אין בלוט, אין טרערן —
לאָמיר גלעזלעך איבערקערן!

דאָס איז אַ שיין פון יענער אַלטער יידישער גייסטיקייט וואָס איז געגנוג עשרות פאַר זיך און וואָס האָט זיך מיט וואָס אַקעגנצושטעלן אין די שווערסטע צייטן אַפילו. מיר זענען אויפן וואַסער? דלות?

עלע בעלע, דלות, דלות,
דו האָסט גאָרנישט —
איך האָב אַלעס!
ווער צעזעצט און ווער צעשפרונגען,
וועל איך דווקא לידלעך זינגען!

טשערנאָוויץ, מערץ 1930.

ה. סעגאַל

מיר פֿילן אַ ווילן
דעם ווייטיק צו שטילן
מיט אַ לידל, אַ טענצל,
אַ ביסעלע שפּיל.

(ביס) ווער ס׳ווייסט נישט,
(ביס) זאָל אַצינדערט וויסן,
ווי שווער און ביטער,
קאַרג און שיטער, (ביס)
ס׳קומט אונדז אָן דער ביסן,
העי, לעבעדיק פריילעך! רעפרען:
לעבעדיק פריילעך!
(ביס) וואָס איז דאָ דער חידוש?
מלאָכה — מלוכה,
זינגט במנוחה (ביס)
אַ לידעלע אַ יידישס!

[דאָס סטאָליערל:]

בין איך מיר אַ סטאָליערל,
(ביס) רופט מען מיך רב פישל —
כ׳מאַך אַ טיר, אַ פענצטערל,
אַ בענקעלע, אַ טישל. (ביס)

טאַנצט און זינגט מיין זעגעלע
(ביס) שניידנדיק די ברעטלעך —
באַפוצן וועט דאָך אונדזער מי
דערפעלעך און שטעטלעך. (ביס)

ווערן הענט און פיס מיר שווער,
(ביס) היקעט צו דער הובל,
און דאָס האַרץ ס׳קלעמט מיך זייער —
האָט נישט קיין פאַריבל! (ביס)

/רעפרען: ווער ס׳ווייסט נישט... אאז״וו./

[דאָס שניידערל:]

בין איך מיר אַ שניידערל,
(ביס) רופט מען מיך רב בערל —
ניי איך מיטן נעדעלע,
שנייד איך מיטן שערל. (ביס)

פרעס איך מיטן פרעסעלע·

(ביס) שטעפ מיט דעם מאַשינדל —

פאַרטיקט זיך אַ מלבושל (ביס)

פאָרן נגידס זינדלי·

אויסגעפוצט דאָס נגידלי·

איז עס מלא שימחה —

נאָר דעם שניידערס יורשל

הונגערן איז אַ מומחה:

/רעפרען : ווער ס'הייכס נישט··· אאַז"וו·/

[דאָס שוסטערל :]

בין איך מיר אַ שוסטערלי·

(ביס) קלאַפּ איך מיר אַ פלעקל —

אָנגעטון אַ פאַרטעכל· (ביס)

דאַרף איך נישט קיין רעקל·

זיץ איך אויפן בענקעלע·

(ביס) טאַנצט ביי מיר דער האַמער —

האָב איך נישט קיין שטיבעלע· (ביס)

וווין איך אין אַ קאַמער·

גיסט און גיסט אַ רעגנדלי·

(ביס) וואַקסט און וואַקסט די בלאָטע —

זיץ איך אויפן בענקעלע· (ביס)

לאַטעווע און לאַטע·

ווייל איז דעם וואָס איז אַ שוסטער

(ביס) אין אַזאַ פּאָגאָדע;

מאָנט דאָס ווייב ביי מיר אויף פיתא — (ביס)

כ'מאַך זיך כלא ידע·

/רעפרען : ווער ס'הייסט נישט··· אאַז"וו·/

# כאַטש כ׳האָב נישט קיין פּרוטה

Andantino

כאַטש כ׳האָב נישט קיין פּרוטה,
נישט קיין שָוֶוה־כּסף,
די יַד ווי זיין שיטות
שטרעקט מיר אויס דער עשו —
גיב איך,
גיב איך!
אוי, אוי, אוי וויי, אוי וויי גיב איך!

כאָטש איך האָב קיין היים נישט,
קיין שטוב חוּ צו וווינען,
די חעלט, זי טרײַבט און יאָגט מיך,
כ׳טו איר רק נישט לויִנען —
לעב איך,
לעב איך!
אוי, אוי, אוי ווײ, אוי וויי לעב איך!

אַזאַ יאָר אויף מײַנע שונאים,
סאַראַ טַעם און סאַראַ פּנים
ס׳האָט מײַן לעבן, מײַן פאַרמעגן,
און מײַן וואַנדער אויף די וועגן —
און דאָך גיב איך!
און דאָך לעב איך!
אוי, אוי, אוי ווײ, אוי וויי לעב איך!

כאָטש איך האָב קיין פיס נישט,
קיין אֵבר נישט קיין גאַנצן,
מוז איך זיך אַ מאָל דאָך
האַסטיק־ווילד צעטאַנצן —
טאַנץ איך,
טאַנץ איך!
אוי, אוי, אוי ווײ, אוי וויי טאַנץ איך!

כאָטש איך האָב קיין שטים נישט,
קיין קול וואָס זאָל קלינגען,
מוז איך זיך אַ מאָל דאָך
ווילד אַזוי צעזינגען —
זינג איך,
זינג איך!
אוי, אוי, אוי ווײ, אוי וויי זינג איך!

אַזאַ יאָר אויף מײַנע שונאים,
סאַראַ טַעם און סאַראַ פָּנים
ס׳האָט מײַן לעבן, מײַן פאַרמעגן,
און מײַן וואַנדער אויף די וועגן —
און דאָך טאַנץ איך!
און דאָך זינג איך!
אוי, אוי, אוי ווײ, אוי ווײ זינג איך!

Moderato

אֵלה תולדות נח׳
פון בראָמפן האָט מען כּוח׳
אַ ביסל וויַין דער עיקר׳
איוואַנקע ווערט נאָר שיכור
קען מען מישן אַלטן׳ נייַעם׳
גיסט מען צו אַ ביסל מַים ;
וואַקסט די קרעטשמע ברייטער׳ גרעסער׳
שוימען וויַינען אין די פעסער׳
אֵלה תולדות נח !

אֵלה תולדות נח׳
פון בראָמפן האָט מען כּוח׳
אַ ביסל וויַין דער עיקר׳
איוואַנקע ווערט נאָר שיכור —
צאָלט ער שוין נישט מיט מזומן׳
מיט אַ סקלעצל וועט ער קומען׳
ווערן קאַמערס פול מיט תבואות
און די קאַסטנס מיט מציאות׳
אֵלה תולדות נח !

אֵלֶה תולדות נח,
פּילט מען זיך אין כוח,
ווייסט מען שוין, וואָס חי די טייטש איז:
דאַמעס, בעלפֿר, לוקסן, דאַטשעס;
און די קינדער — גימנאַזיסטן,
דאָקטוירים וואַקסן צי יוריסטן.
אֵלֶה תולדות נח!

ואֵלֶה ואֵלֶה תולדות נח,
אַוועק אַלהינג מיטן רויך,
ס'האָבן אים די בני־ויזתא
צוגענומען די פּרנסה;
זיצן מיידן און רֶב ירוחם
ברענגט פאַר זיי נישט קיין שידוכים.
ואֵלֶה תולדות נח!

ואֵלֶה תולדות נח,
ער האָט שוין נישט קיין כוח,
קלינגט דאָס דאָרף מיט רעדעס, דרשות:
אַ פּיאַווקע נח און אַ רשע איז!
אַלע ווינקלען מיט געשפּענצטער —
פליען שטיינער אין די פענצטער,
ואֵלֶה תולדות נח!

# עלע בעלע

— ווילסטו שאָף און רינדער

האָב איך.

— פייגל גאָטס אַ וווּנדער

האָב איך.

שאָף און רינדער
ס'ווייב און קינדער,
אוי, זיי זינגען — גאָטס אַ וואונדער!
עלע בעלע!

געפעלט דאָס אים אַוודאי,
רייץ איך אים און יאַדע:
עלע בעלע, דלות, דלות,
דו האָסט גאָרנישט,
איך האָב אַלעס!
ווער צעזעצט און ווער צעשפּרונגען,
וועל איך דווקא לידלעך זינגען!
עלע בעלע!

רעפרען:

ווילסטו מיליאָנען —
האָב איך,
ווילסטו גראַמאָפאָנען —
האָב איך,
יעדער [—עס—] קינד איז ווערט מיליאָנען,
אוי, זייער שפּילן — גראַמאָפאָנען!
עלע בעלע!

/רעפרען: געפעלט דאָס אים אַוודאי... אאַז"וו./

ווילסט אַ שנירל פּערל —
האָב איך,
ווילסטו אַ בריליאַנטל —
האָב איך,
מיין עלטסטע שנור, זי הייסט דאָך פּערל,
און עכט בריליאַנטל איז איר בערל.
עלע בעלע!

/רעפרען: געפעלט דאָס אים אַוודאי... אאַז"וו./

נַחת פון די בָנים –

האָב איך.

ברוגזע מַחותָנים –

האָב איך.

מַיינע בָנים ביַי די יוָונים.

אוי, איז דאָס שוין מחותָנים.

עלע בעלע!

/רעפרען: געפעלט דאָס אים אַחדאי... אאַז״ח./

# אַז אַ ייִד איז אַ קרעמער

Andante

Fine.

Dal Segno al Fine

און אַז אַ ייִד איז אַ קרעמער,<br>
זינגט ער זיך אַזאַ מין זמר:<br>
משה־יונה,<br>
אַ ווילער קונה,

(ביס) קויפן וויל ער ביליק —
און ביז מאָרגן
וויל ער באָרגן,
זיכער איז דער סילוק,
פון די טובות
ווערן חובות.
(ביס) ליידיק ווערן ראַפּטן —
און די מיידן
ווי אויף הייוון
וואַקסן אָן אַ קאַפּטן.

און אַז אַ ייד איז אַ סוחר,
אַ מעקלער אַ מאָל אויך ער,
קויפט אַ מאָל אַ זעקעלע ביי אַ גוי,
זינגט ער זיך אַזוי:
פון מיינע קאַנטעס
ציין אויף באַנטעס
(ביס) מעג איך שוין אויפהענגען,
פרייזן פאַלן,
לעזשעס קנאַלן,
ס'מיסחר אומצוברענגען,
פון די פרייזן
ווער קאָן זיך ווייזן
ווי ס'פּאַסט פאַר לייט,
כ'שווער ביי אַלעס,
אַז דער דלות
פייפט שוין פון אַ צייט.

# דער שמײַסער

Allegretto

ווער ס'האָט פעלדער,
ווער ס'האָט וועלדער,
ווער ס'האָט אַ דראָשקע,
און איך האָב נאָר צָרות, דַלות,
אַ בַעל־בֶיתל מאָשקע.

רעפרען:
העי, פערדלעך, פליט זשע, יאָגט זשע,
שלעפּט זשע די פאַרשווינען:
מאָשקען רווח מוז מען ברענגען,
אַנדערש וועט נישט לוינען.

וער ס'האָט שאָף
און ווער ס'האָט רינדער,
ווער ס'האָט גאָר טעכער,
און איך האָב אַ ווײַב און קינדער,
הויזן פול מיט לעכער.

/רעפרען: הע, פערדלעך... אאַז"וו./

ווער ס'זיצט אויף שטולן, בענקלעך,
און ווער אין פאַטעלן,
און איך זיץ אויף מאַשקעס קעלניע
טרײַב צו די האָטעלן.

/רעפרען: הע, פערדלעך... אאַז"וו./

זוכט אַ פּריץ זיך אַ כאָנע,
אַ מלונה זוכט אַ לאַטכן,
מוז איך הערן, זען און שווײַגן,
צו מאָל נאָך זײַן דער שדכן.

/רעפרען: הע, פערדלעך... אאַז"וו./

ברענט דער פראָסט, בראָט די זון,
צי ס'גייט אַ רעגן,
איך מוז שטענדיק אומעטום
זוכן נײַע וועגן.

/רעפרען: הע, פערדלעך... אאַז"וו./

# דוינע












שפּיל דו קלעזמער מיר אַ וואָלעך,
געלט מזומן אָט אָ צאָל איך,
און דו פּויקער פּויק בים־באַם –
הײַנט איז חָגאַ, הײַנט איז כראַם.

רעפרען: אָף, אָף... לין...

ס'האָט דער ווינט געפּאַטשט, געשמיסן
די צינצאַרעס מיך געביסן,

זון געברענט מיך און געבראָטן —
נישט קיין װענט און נישט קיין שאָטן.

/רעפרען/

ס'האָט גערעגנט, ס'האָט געראָסעט,
נאַלאַקעס שאָף האָב איך געפּאַסעט,
ער האָט ברינדזע, שאָף און װאָל —
איך געבליבן הױל און גאָל.

/רעפרען/

נישט קיין שאָף און נישט קיין ברינדזע,
און קיין קאָרמע פאַר דער מינדזע,
סײַדן נאָר אַ גרוב אױפן צװינטער —
איבערקומען דאָרט דעם װינטער.

/רעפרען/

שפּילט זשע שטאַרקער, העי קאַפּעליע,
שפּילט אַ דױנע, שפּילט אַ זשעליע!
נישט קיין שאָף און נישט קיין רינדער,
נאָר אַ הונגעריק װײַב און קינדער.

/רעפרען/

# שקיעה

Andante

אין מײַן קלײנעם, טונקלען צימער
(ביס) זיץ איך אײנזאַם און פאַרגעסן.
דיך מקנא בין איך, ברודער,
דײַנע פײגל מאָנען עסן. (ביס)

אין אַ ווינקל הענגט אַ שפּין דאָרט,
(ביס) נאָגט פון פליגן אויס דאָס חיות.
אין דעם ניגון פון דער גריל דאָרט
הער איך לאַנג שוין נישט קײן נײַס [—עס—]. (ביס)

וועסט מיך ראָטן, וועסט מיר עצהן
(ביס) זיך אַ נעסטל אויסצובויען [—אָוו—],
נאָר מײַן האַרץ וואָס פילט דעם שטורעם
לאָזט קײן פײגל מיך נישט כאָוועןn. (ביס)

וואַגן טויבן, ווײַסע טויבן,
(ביס) פליִען פון די כמאַרעס העכער.
פאַלט אַ רעגן, ריטשקעס יאָגן,
פאַרבן בלוטיק־רויט די טעכער. } (ביס)

אַדי, די כמאַרעס און די שפינען,
(ביס) און ווי ווײַ מיר טוען די טויבן —
דו זעסט, ברודער, פייגל ווײַנען,
און איך — בלוטיק־רויטע שויבן. } (ביס)

# לאָמיר אויך נישט ליידיק זיצן

Moderato.

Fine

D.C al fine

פרייען זיך איז גוט.
פרייען זיך איז גוט.
לאָמיר זיך פאַרגעסן
כאָטש אויף איין מינוט!
פעטער לעבן איז אַ כעסן,
הערט נישט אויף אונדז קנייפּן, שמייסן,
נעמט אַ גלעזל, טרינקט לחיים,
לאָמיר אַלע אין איינעם שרייען:

האַלט דעם זאַק און שיט קאַרטאָפּליעס,
זאָלן ציטערן די טאָפּליעס.
ווער די טאָפּליעס האָט צעבראָכן,
זאָל קאַרטאָפּליעס שיילן, קאָכן;
קאַרטאָפּליעס שיילן, קנישעס מאַכן,
רעפרען: וועלן מיר עסן, טרינקען, לאַכן!
העי, העי! העי, העי, העי, העי!
פרייען זיך איז גוט,
פרייען זיך איז גוט,
לאָמיר זיך פאַרגעסן
כאָטש אויף איין מינוט!

אונדזער לעבן ווי נאָך אַ רעגן
אויף באַסאַראַבער רויע וועגן,
איידער חקרענען און זאָרגן,
בעסער כוסענען ביז מאָרגן.
/רעפרען: האַלט דעם זאַק... אאַז״וו./

גייען צרות, קומען לײדן,
און די שימחות מיט די פריידן
איינגעוויקט אין בלוט, אין טרערן —
לאָמיר גלעזלעך איבערקערן!
/רעפרען: האַלט דעם זאַק... אאַז״וו./

ווער קען ציילן, ווער קען מעסטן
יוגנט־צאָרן מיט פראָטעסטן!
העי, בחורימלעך און מיידן,
קומט פאַרטרינקען אייערע לײדן!
/רעפרען: האַלט דעם זאַק... אאַז״וו./

ווערן הערצער פול מיט שינאות,
אַלטע ווייבער זאָגן קינות,
יונגע אויגן שיסן בליצן —
לאָמיר אויך נישט לײדיק זיצן!
/רעפרען: האַלט דעם זאַק... אאַז״וו./

## עטלעכע באַסאַראַבער העקווערטער

בריַנדזע שאפענער קעז
דוינע רומעניש פאסטעכער-ליד
הויל און גאל נאקעט און בלויז
וואלעך א (טאנץ מיט) ניגון
זשעליע א טרויעריקס
כאנע זונה

לעזשע געזעץ, גזרה
מינדזע לאשיקל
נאלאקע פויערשער נאמען
סקלעצל זעקל, בינטל
פיתא (רומי') ברויט
ציַנצאר קאמאר

איבער טעכנישע מניעות איז אין דעם ביכעלע דער ייווא-אויסלייג נישט אויסגעהאלטן בנוגע צו ב, פ (פאסיקלעך פון אויבן), כ, ש, ת (פינטעלעך).

## זוכצעטל